# פאר לאנ, נאטור און מענטש



מ. בײעס.

# ווי פײגלאַך בויען נעסטן

איבערז. י. דוואַרקין.

פֿאַרלאַג „נאַטור און מענש"

מ. בּרעס.

# ווי בויען פֿייגלאך נעסטן.

איבערז. י. דוואָרקין.



אַדרעס פֿון פֿאַרלאַג:

דרוקעריי א. ווילטער,
יעקאַטערינאָסלאַוו, קאַזאַטשע 19

Типографія Э. ВИЛЬТЕРЪ,
Екатеринославъ, Казачья 19.

# ווי בויען פייגלאַך נעסטן.

צווישן אונזערע פייגלאַך זיינען ווייניג פאַראַן אַזעלכע, וואָס זאָלן לעגן זייערע אייער פשוט אויף דער הויל׳ער ערד, אָדער ערגעץ אין אַ גריבל פון דעם ערד-באָדן, ווי עס טוען די קריכע-דיגע בעלי-חיים. כמעט אַלע אונזערע פייגלאַך פלעכטן נעסטן. אייניגע—פשוט׳ע אָן קונצן; אַנדערע, פאַרקערט, פלעכטן זייערע נעסטן אַזוי קונציג, מע קאָן זאָגן: אַזוי אויסגערעכנט, אַז עס איז נאָר צו באַוואונדערן, וויפיל קונסט און געדולד ס׳איז דערביי אָנגעווענדט געוואָרן.

ס׳גיבן אַזוינע נעסטן, וועלכע שטעלן פאָר קליינינקע מוסטערן פון וואונדערלאַכער בוי-קונסט.

פאַרשיידענע פייגלאַך הויבן אָן פלעכטן זייערע נעסטן אין פאַרשיידענע צייטן פון יאָר, ווייל ביי דער אַרבעט קומט זיי אויס צו רעכענען זיך מיט פאַרשיידענע אומשטענדן. יעדער פויגל פירט אויס עופ׳עלאַך אין אַ באַשטימטער צייט, פונקט ווי די געוויקסן בליהען אין אַ באַוואוסטער צייט. דאָס רוב קאָנען מיר ניט דער-קלערן פאַרוואָס אייניגע פייגלאַך הויבן אָן אויספירן עופ׳עלאַך פריהער און אַנדערע שפּעטער. ס׳איז קיין שום ספק ניטאָ, אַז די געוואוינהייט צו פלעכטן נעסטן אין אַ באַשטימטער צייט פון יאָר האָבן די פייגלאַך באַקומען פון קדמונים, אין גאָר אַלטע צייטן. ס׳האָט זיך געווענדט פון דעם אָרט און פון דעם קלימאַט, אין וועלכן דער אָדער יענער פויגל האָט געוואוינט, דערנאָך האָט זיך די געוואוינהייט איבערגעגעבן בירושה פון דור צו דור. אויסער דעם, זאָרגט די מאַמע-פייגלע אויך וועגן דער קיך פון אירע צוקינפטיגע קינדערלאַך און די צייט פון אויספירן עופ׳עלאַך

פאַלט אויס אין יענער יאָר-תקופה, ווען עס באַווייזט זיך נערונג פאַר די פייגלאַך. נאָר ניט אַלע פייגלאַך לעגן דאָך אייער אפילו דאַן, ווען זיי באַקומען פיל נערונג.

פאַר די קערנערפרעסעדיגע פייגלאַך איז פריהלינג-צייט די בעסטע צייט, די צאָל פון אינזעקטן ווערט מיט יעדן טאָג אַלץ מער, שפייז איז דעריבער זעהר פיל, און די פייגלאַך איילן זיך בויען נעסטן, כּדי באַצייטנס אָנהאָדעווען זייערע עופ'עלאַך פון דעם רייכן טיש פון דער נאַטור און, אויב ס'איז מעגלאַך, אַריינכאַפּן און אָנקינדלען אַ צווייטן דור. די עופ'עלאַך פון דעם צווייטן אויספירן וועט מען אויך דאַרפן פיין אָנהאָדעווען, זיי וועט דאָך אויסקומען פיל אויסשטעהן, דער האַרבסטיגער איבערפליהען וועט פאָדערן פיל כחות, שטאַרקע גלידער און געזונטע מוסקלען.



דער יאַסטער-בירקהאָן.

נאָר אויך די קערנערפרעסעדיגע פייגלאַך בויען זייערע נעסטן פריהלינג-צייט, ווייל דאָס רוב פון'זיי האָדעווען זייערע עופ'עלאַך די ערשטע צייט אויסשליסלאַך מיט אינזעקטן.

אַלזאָ, אויב דער גרעסטער טייל פייגלאַך פירן אויס זייערע עופ'עלאַך פריהלינג-צייט איז דאָס, לכל הפּחות, טיילווייז דערפאַר, ווייל פריהלינג-צייט איז פאַר זיי דאָ פיל שפייז.

אַנדערש קומט עס פאָר ביי די רויב-פייגלאַך. אין פאַרשיידענע צייטן פון יאָר פלעכטן זיי זייערע נעסטן. אַלע מינים אָדלערס און סאָוועס לעגן זייערע אייער זעהר פריה; אַנדערע, למשל, דער הינער-שפּאַרבער און דער וואַכטל-שפּאַרבער לעגן, לפי-ערך, שפּעט. דער גרעסטער טייל רויב-פייגלאַך פירט אויס עופ'עלאַך נאָר איין מאָל אין יאָר, פריהלינג-צייט. אייניגע פון אונזע-

רע סאָוועס אין מערב-אייראָפּע, למשל, די זומפּ-סאָוועס, טרעטן צו
האַרבסט-צייט צום אויספירן אַ צווייטן מאָל עופ'עלאַך. דאָס טרעפט
דאַן, ווען סוף זומער באַווייזן זיך פיל מייז, מיט וועלכע
די סאָוועס שפּייזן זיך.

די ראָבן און די סאָראָקעס הויבן אויך אָן פריה פלעכטן
זייערע נעסטן. דאָס זיינען שטאַרקע פייגלאַך, וואס קאָנען אַרי-
בערטראָגן אַלערליי שלעק, אויסשטעהן אַ שלעכט וועטער; דערצו
זיינען זיי נאָך אַלץ-פרעסעדיגע, זיינען, הייסט דאָס, ניט קיין
אויסקלייבער ביים עסן, און דעריבער נאָכן לאַנגן ווינטערדיגן
תענות, באַלד אין די ערשטע פריהלינג-טעג, עסן זיי זיך שוין
גוט אָפּ. דער צלם-שנאָבל פירט אויס זיינע עופ'עלאַך ווינטער-
צייט, ווייל ער נערט זיך מיט די זוימען פון די נאָדל-בוימער,
און דער סאָרט עסן איז דאָך ווינטער אויך געגוג פאַראַן. ענדלאַך
זעהר פריה פלעכטן נעסטן די צעדער-פייגלאַך, די בלאה-פייגלאַך
די וואָראָבייטשיקעס, די גאָרטן-פייגלאַך, די לאַרכן און אַנדערע;
די אַלע פייגלאַך געפינען אויך אין פריה-יאָר אוצרות מיט
נערונג ...

אַנדערע פייגלאַך הויבן ניט אָן בויען זייערע נעסטן, ביז
די געוויקסן וועלן זיך ניט צעוואַקסן, כדי זיי זאָלן קאָנען צווישן
די בלעטער גוט באַשיצן זייערע נעסטן. אַזוי טוען פאַרשיידענע
פינק-פייגלאַך און גראָז-מוקן.

די גראָז-מוקן קערן זיך אום אַהיים אָפּטמאָל דאַן, ווען
די בוימער און די וועלדלאַך הויבן זיך ערשט אָן באַדעקן מיט
אַ גרינעם פוך. עפּעס ווי אויף צו כלומר'שט, ווי זיי וואָלטן זיך
בעשפּילט, שלעפן זיי דאַן אויף די בוימער שטענגעלאַך און וואָרצ-
לאַך, נאָר ערנסט בויען נעסטן טרעטן זיי צו ערשט דאַן, ווען די
בוימער באַדעקן זיך געדיכט מיט בלעטער.

אַזוי טוט אויך די וואַכטל. זי קערט זיך אום צוריק צו
אונז גאַנץ שפּעט אין פריהלינג-צייט, אין מיטן מאי; דאָך געהען
אָפּט דורך גאַנצע וואָכן ביז זי הויבט אָן אויספירן עופ'עלאַך.
אַ גאַנצן חדש, און אַמאָל אויך מער, הערט זיך אַלץ דער געשריי
פונם זכר איידער עס גיט זיך אים איין צו געפינען אַ וואַכטל-

נעסט אַפולע מיט אָנגעלייגטע אייער. אַ באַוואוסטער פייגל-פאָר-שער וויזט אָן, אַז וואַכטל-נעסטן קאָן מען געפינען נאָר אין מיטן, אָדער צום סוף יול.

דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס וואַכטלען פלעכטן זייערע נעסטן אין קליי-גראָז; און דעריבער וואַרטן זיי אויף יענער צייט, ווען דאס קליי-גראָז וועט אויף אַזוי פיל אויסוואַקסן, אַז זיי וועלן דאָרט קאָנען גוט באַשיצן זייערע עופ'עלאַך. אָבער אָפּלעגן אויף אַ לאַנגע צייט דעם נעסט-פלעכטן לוינט אויך ניט, וואָרום, וואָס שפּעטער עס וועלן זיך אויספירן די עופ'עלאַך, אַלץ גרעסער וועט זיין די סכנה, וואָס קאָן אויסוואַקסן פאַר זיי: פון די לאָנקעס און פעלדער וועט מען דאָס גראָז אַראָפּשניידן און די שפּעט אָנגעקומענע קינדערלאַך וועלן ניט האָבן, וואו צו באַהאַלטן זיך. אויך די צאָל פון אינזעקטן ווערט אַלץ ווייניגער נעהנטער צום סוף זומער; דער וועטער ווערט אלץ ערגער, און די פאַרשפּע-טיגטע עופ'עלאַך וועלן לייכט ווערן אַ רויב פאַר זייערע פיינד.

אמת, עס טרעפט, אַז מע געפינט וואַכטל-אייער אַפילו אין אויגוסט, נאָר ס'איז געוויס פון דעם צווייטן אייער-לעגן: דער פויגל האָט זי, געוויס, געלעגט דערפאַר, ווייל עמיצער האָט איר גע-שטערט און ניט געלאָזן לעגן אייער באַצייטנס, און אפשר זיינען דאָס גאָר איבערגעלאָזענע אייער.

אונזערע ראָר-פייגלאַך וואַרטן אויך לאַנג ביז זיי טרעטן צו בויען זייערע נעסטן. זיי וואַרטן ביז דער שטענגל פון די ראָרן וועט אונטערוואַקסן אויף אַזוי פיל, אַז מע וועט צו אים קאָנען אָנצעפּן אַ לאַנגן נעסט, אַ קונציג אויסגעפלאָכטן פון ראָרן-בלעטער.

אַמאָל קאָן אַ קלייניגקייט לאַנג אָפּהאַלטן דאָס בויען פון די נ:סטן. די שוואַלבן, למשל, בויען זייערע נעסטן פון קייט. פאַרשטעהט זיך, אַז זייער בוי-מאַטעריאַל קאָנען זיי באַקומען נאָך אַ רעגן; ווי איז אָבער, אַז ס'שטעהט לאַנג אַ טריקעניש, און קיין רעגן איז ניטאָ? דאַן, אויב דערביי איז ניטאָ קיין זומפּ אָדער קיין טייכל, קאָנען די שוואַלבן ניט זעצן זיך אויספירן עופ'עלאַך.

די ערטער, וואו די פייגלאַך בויען די נעסטן, זיינען זעהר פאַרשיידנאַרטיג. ס'איז כמעט ניטאָ אין דער נאַטור אַזאַ אָרט, וועלכער זאָל ניט זיין פּאַסיג פאַר דעם אָדער יענעם פויגל.

פעלדער און לאָנקעס, דער שטיינערנער ים-ברעג, דער געדיכטער מיט גראָז-ראָר פאַרוואַקסענער ברעג פון טייך, אפילו די גלאַטע אויבערפלאַך פון טייך, דער פאָרוועלדל און די שפּיצן פון די העכסטע בוימער, אַלטע ווענט, בוים-לעכער, נאָרעס אין דער ערד, שטיין-שפּאַלטן — מיט איין וואָרט יעטווידער אָרט קאָן זיין פּאַסיג פאַר וואָסערע ניט איז פייגל צו בויען זיין נעסט. ס'פאַרשטעהט זיך, אַז אָפטער פון אַלץ מאַכט ער זיך אַ נעסט אין דעם אָרט, וועלכער איז פּאַסיג פאַר זיין שטייגער לעבן. און דערי- בער בויען אַ סך קליינע זינג-פייגלאַך, למשל, די גראָז-מוקן, זייער וויגעלע פאַר די עופ'עלאַך צווישן קוסטעס און בוימער, אַנדערע, למשל, די פייער-עקלאַך, פאַרקלייבן זיך אין די אויסהוילונגען פון די פרוכט-בוימר, אָדער זיי פלעכטן זייערע נעסטן גלייך אויף דער ערד, באַשיצנדיג זיך מיט די וואָרצלען פון בוים, אָדער אונ- טער דעם שוץ פון אַ געדיכטן קוסט, ווי עס טוען די ראָר-זינגער און אַנדערע.

די נעסטן פון אָט די קליינע פייגעלאַך זיינען כמעט אַלע מאָל גוט באַשיצט, אין דער צייט, ווען די גרויסע, שטאַרקע פייג- לאַך זאָרגן זיך ווייניג וועגן דערויף און פלעכטן זייערע נעסטן אָפן אויף די שפּיצן פון די הויכע בוימער; אַזוי טוען די פיש- רייהערס, די שטאָרכן און אין אַ געוויסער מאָס אויך די קראָעס, סאָראָקעס און ענלאַכע צו זיי פייגלאַך. אַנדערע גרויסע פייגלאַך בויען זייערע נעסטן אויף ניט צוגאַנגבאַרע פעלזן, אויף הויכע טורעמס און חורבות, ווי עס טוען, למשל, פיל פון די רויב-פייגלאַך.

פעלד-הינער, בירק-הינער, לאַרכן און אַנדערע בויען זייערע נעסטן, אויב נאָר זייערע איינפאַכע געביידעס קאָן מען אָנרופן נעסטן, גלייך אויף דער ערד.

פאַרשיידענע פייגלאַך פון די פּיקהעלצער פּיקן זיך אויס אַ נעסט אין שטאַם פון אַ בוים; אַנדערע קריכעדיגע פייגלאַך, למשל, דער בלאה-פויגל, דאס דריי-העלזל און אַנדערע באַנוצן זיך

מיט אַ לאָך פון אַ בוים, אַנ׳אויסגעפוילטע, אָדער אַנ׳אויסגעהאַקטע פון אַ פיקהאָלץ, אויך מיט נאָך אַזעלכע ערטער.

דער קראָפּיווע-פייגל פלעכט זיין קונציגע קוגלפאָרמיגע נעסט אין אַ גריבל אויפן ברעג פון אַ שטראָם אין דער טיפעניש פון אַ וואַנט, אין אַ שייטל פון אַ האָלץ, צווישן וואָרצלען פון די ביי-מער און אַזוי ווייטער. דער גרעסטער טייל פון אונזערע סאָיועס, וועלכע האָבן מורא פאַר ליכט, פלעכטן זייערע נעסטן אין פאַר-שיידענע פינסטערע ווינקלאַך: אין די שפּאַלטן פון די פעלזן, אין די טיפע-נישן פון די ווענט, אין די בוים-לעכער און נאָך אַזוינע ערטער.


די נעסט פון אַ פיקהאָלץ.

דאָך דאַכט זיך אַמאָל, אַז דער כלל, וואָס מיר האָבן אָנגעוויזן פריהער, אַז יעדער פויגל בויט זיין נעסט אין אַזאַ אָרט, וואָס איז פּאַסיג פאַר זיין שטייגער-לעבן, גילט ניט אַלע מאָל, עס גיבן אויסנאַמען. מיר דאַרפן דער-ביי אָבער ניט פאַרגעסן, אַז דאָס לעבן פון די פייגלאַך האָבן מיר נאָך ניט אינגאַנצן אויסגעפאָרשט, און מיר דאַרפן דעריבער ניט באַשולדיגן די נאַטור אין יענע צופאַלן, ווען דער אופן ווי אַזוי דער פייגל בויט זיין נעסט, ווייזט אונז אויס ניט צוגעפּאַסט צו זיין אַרט לעבן.

אַזוי, למשל, איז מיר שטענדיג אויסגעקומען משונה׳דיג, וואָס דער אייז-פייגל, וועלכער בלישצעט מיט זיינע פּרעכטיגע פאַרבן, גראָבט זיך אויס אויף די ליימיגע, משופע׳דיגע ברעגעס פון די טייכן אַ דורכגאַנג, וואס האַלט 3 פערטל און אָפטמאָל אָנדערהאַלבן אַרשין די לענג. צום ענדע ווערט דער דורכגאַנג פאַרברייטערט, אַזוי, אַז עס זעהט שוין אויס ווי אַ נאָרע. דאָרט לעגט ער אויף אַ שלעכט אויסגעבעטן געלעגער 5—8 ווייסע אייער.

ענלאַך צום אייז-פייגל בויט זיין נעסט אויך דער וואַסער-פויגל, אַ פייגעלע מיט אַ העל-באַפאַרבטע באַפעדערונג. דאס וואַסער-פייגעלע גראָבט אין אַ ליימיגן אָדער ערדיגן ברעג טייך אַ האָריזאָנטאַלן אָדער אַ אויפגעהויבענעם אין דער הויך דורכגאַנג, וועלכער האַלט 5—6 סאַנטימעטער אין זיין דיאַמעטער און $1^1/_2$ אַרשין די לענג. ביים סוף איז ער פאַרברייטערט. קיין אמת'ע נעסט בויט ניט דער וואַסער-פייגל. פון די איבערפליגל אַך און פון די פיסלאַך פון אויפגעפרעסענע אינזעקטן, מיט וועלכע דער וואַסערפייגל נערט זיך, אויך פון דעם, וואס ער איז מעלה-גורה *), ווערט, ענדלאַך, אַן'אמת'ע קישן, אַזוי, אַז אין זיין דירה פעלט ניט קיין בעטגעוואַנט פאַר זיינע עופ'עלאַך. ווער וואָלט דאס געקאָנט גלויבן, אַז צו אָט די דערמאָנטע ערדגרעבער געהערט אויך די פרעכטיג-שיינע און קליינינקע ברעג-שוואַלבעלע, די קלענסטע פון אַלע שוואַלבן! אָט די שוואַלבן בויען זייערע נעסטן קאָלאָניעס-ווייז אויף משופע'דיגע ליימיגע און ערדיגע אָפּהאַנגען. די ברעג-שוואַלבעלע צעפּעט זיך מיט אירע ברעקעלאַך פיסעלאַך צום אָפּהאַנג און דלובעט אויס מיט איר שנאָבל (לפנים אַ שוואַכער און אַ ווייניג צוגעפּאַסטער צו אַזאַ אַרבעט) אַ קיילעכיג לאָך אין ליים אָדער אין דער ערד. גיך ווערט די לאָך אַזוי גרויס, אַז דאָרט קאָן אַריין דער קערפּער פון דער שוואַלב. אָפּבייסנדיג מיטן שנאָבל שטיקער ערד, וואַרפט ער עס פלייסיג אַרויס פון זיין נאָרע. ביי גוטע באַדינגונגען פאַרענדיגט ער זיין אַרבעט אין 2—3 טעג. פאַר דער צייט גראָבט ער אויס אַ דורכגאַנג פון $1^1/_2$—3 אַרשין די לענג. צום ענדע איז ער פאַרברייטערט און זעהט אויס ווי אַ נאָרע. די ברעג-שוואַלב שלעפט אַהינצו אָן גרעזעלאַך, וואָרצעלאַך, פוך, הערעלאַך און מאַכט פון דעם אַלעמען אַ ווייכן און אַ וואַרימן געלעגערל. אויף דעם געלעגערל לעגט זי אירע אייער.

---

*) די עופ'עלאַך שלינגען אָפּט זייער רויב אינגאַנצן מיט די אַלע טיילן, וועלכע דער מאָגן קאָכט ניט איבער. נאָכהער שפּייען זיי עס אַרויס אין דער פאָרם פון אַ צונויפגעקנאָטענעם קייקעלע.

אַפילו די פייגלאַך, וואס זיינען לויט זייער מין נאָהנט איינע צו די אַנדערע, בויען פאַרשיידן זייערע נעסטן. אַזוי, למשל, פון די אַלע שוים-פייגעלאַך בויט נאָר דאס שפּאָט-שוים-פייגעלע זיין נעסט אין די קוסטן אויף אַ הויך פון 3—$1^1/_2$ אַרשין איבער דער ערד אויף אַ צעצווייגטן סוק. אַלע איבריגע אונזערע שוים-פייגעלאַך, ניט קוקנדיג, וואס זיי פארברייינגען די גאַנצע צייט אויף די צווייגן, פלעכטן זייערע קונציגע קויק-פאָרמיגע נעסטן אָדער גלייך אויף דער ערד, אָדער פון אויבן אויף דער ערד, ווי, למשל, אין אַ אויסגעהוילטער לאָך פון אַן אַלטן אָפּגעהאַקטן שטאַם. נאָר מען דאַרף ניט מיינען, אַז אַלע מאָל בויט יעדער מין פויגל נעסטן אין איין און דער זעלבער געגענט. עס טרעפט אַפילו, אַז דער זעלביגער פויגל בויט זיין נעסט אויף פאַרשיידענע אופנים. אַזוי, למשל, בויט איינע פון די ברעג-שוואַלבן איר נעסט אַמאָל אין אַ שפּאַלט פון אַן אַלטן טורם, אַמאָל אין אַן אויסגע-פוילטן בוים, אַן אַנדערש מאָל אין אַ משופּע'דיגן אָפּהאַנג; און ניט זעלטן טרעפט זיך, אַז די ברעג-שוואַלב טרייבט אַרויס אַ שטאָר פון זיין שטאָר-קעסטל און באַזעצט זיך דאָרט.

דער וואָראָבייטשיק שלעפּט אָן שטרוי און היי אין אַ שפּאַלט אָדער אין אַ ווינקל פון אַ הויז, אָדער ערגעץ אונטער אַ קאַרניז פון אַ דאַך. עס טרעפט אויך, אַז ער יאָגט אַרויס אַ שטאָר און רעקוויזירט זיך זיין שטאָר-קעסטל. נאָר דער זעלבער וואָראָבייט-שיק פלעכט אַמאָל זיין נעסט אָפן אויף אַ בוים.

די נעסטן פון די שוואַרצע דרעסלער, וועלכע וואוינען אין די וועלדער, זיינען אָפט צוויקמעסיגער געבויט איידער די נעסטן פון זייערע מין-קרובים, וועלכע וואוינען אין די גערטנער.

דער טורם-פאַלק פלעכט אפט זיין נעסט אין די פאַרטיפונ-גען פון אַ וואַנט פון אַן אַלטן טורם, אַן אַנדערש מאָל אין די שפּאַלטן פון אַ פעלז, אָדער אין אַ לאָך פון אַן אויסגעפוילטן בויב; חוץ דעם פאַרריכט ער אַמאָל צוליב דעם ציל אַן אַלטע נעסט פון אַ קראהע. אָפטמאָל פלעכט ער אויך זעלבסטשטענדיג אַן אָפענע נעסט.

ניט איין מאָל האָט מען באַמערקט, אַז די פייגלאַך קלייבן זיך אויס אינגאַנצן ניט צוגעפּאַסטע ערטער פאַר זייערע נעסטן. אַזוי האָט אַ פּאָרל בלאָה-פייגלאַך אויסגעפלאָכטן זיך אַ נעסט אין אַ טרויב פון אַ ברונעם, און די שטענדיגע באַוועגונג פון דער שטריק מיטן ראָד אין ברונעם האָט די זאָרגלאָזע פייגע-לאַך ניט געשטערט פאַרנעמען זיך מיטן אויספירן עופ'עלאַך. אַן אַנדער פּאָר בלאָה-פייגלאַך האָט זיך אויסגעקליבן פאַר זייער נעסט אַן אָרט אין אַ פּאָסט-קאַסטן.

דער פייער-עקל פון דעם מין שוואַרץ-חנ'עוודיגע האָט אויס-געפירט עופ'עלאַך אונ-טער אַ דעקל פון אַן עלעקטרישן לאָמפּ, אויף אַן אייזן-באַן וואַגאָן, אין אַ גיס-קאַן; און פעלד-שפּערעלאַך האָבן זיך איין מאָל אויסגעבויט אַ נעסט, ווי אויף געלעכ-טער, אין דער קעשענע פון אַ פּודעלע, וואָס אַ פּויער האָט אַרויסגע-שטעלט אין פעלד, כדי



אַ פּאָרל סאָלאָוויִיטשיקעס נעבן זייער געסט.

אָפּצושרעקן די פייגלאַך! ווי עס ווייזט אויס, זיינען די פייגלאַך זעהר איינפאַל-רייך בנוגע צום אויסקלייבן זיך ערטער פאַר נעסטן.

נאָר גאַנץ אָפט זיינען די פייגלאַך, באַזונדער די, וואָס בויען נעסטן אין אויסגעפּוילטע בוימער, געצוואונגען אויסצוקלייבן ניט קיין זיכערע ערטער, פּשוט דערפאַר, ווייל קיין אַנדערע ערטער, מער פּאַסיגע, געפינען זיי ניט. און אונז דאַכט זיך, אַז זיי האָבן פּשוט פאַרלאָרן דעם חוש פון פאָרזיכטיגקייט.

ווי אַזוי האָט זיך יעדער פייגל אויסגעלערנט בויען זיין נעסט? ווענן דעם קאָנען מיר מאַכן נאָר השערות. ס'איז קיין

ספק ניט, אַז די ערשטע צייטן האבן זיי געמאַכט זייערע נעסטן נאָר אויף דער ערד. אַפילו איצט באַנוגענען זיך אייניגע פייג-לאַך מיט דעם, וואס זיי לעגן זייערע אייער, ווי די קריכעדיגע שרצים, גלייך אויף דער ערד, ניט צוגרייטנדיג פאַר זיי קיין ווייכן געלעגער.

אין די הייסע לענדער זיינען דאָ פיל אַזוינע פייגלאַך: דער שטרויס זיצט אויס זיינע אייער אין אַ גריבל, וועלכער איז אויס-געגראָבן אין זאַמד. אין אַוסטראַליען און אויף די דערבייאיגע אינזלען געפינען זיך מערקווירדיגע פייגלאַך, מיסט-הינער. די דאָ-זיגע פייגלאַך, אָנ'-שטאָט צו בויען נעסטן, לעגן צונויף פון ערד, זאַמד און צעפוילטע געוויקסן מורא'דיג גרויסע קו-פּעס און לעגן אין זיי אַריין זייערע אייער, נאָר דערפאַר, נאָכ-דעם ווי זיי האבן געלייגט זייערע איי-ער, קאָנען זיי זיי אי-בער אויספּירן זיך מיט דער הילף פון דער וואַרימקייט, וואס עס ווערט אין די קופּעס.


מיסט-הינער און זייערע נעסטן.

אייניגע פון אונזערע היגע פייגלאך באַציהען זיך מיט דער זעלבער זאָרגלאָזיגקייט צו זייערע אייער. אַזוי, למשל, דער ציגן-מעלקער פלעכט זיך גאָרניט קיין נעסט, ער לעגט זיינע אייער גלייך אויף דער ערד, ערגעץ אין די קוסטעס. די שנעפּן, אייניגע מעוון, די בעקאַסן לעגן זייערע אייער גלייך אין הוילן זאַמד אָדער אין די גראזן, ניט טראַכטנדיג אַפילו וועגן בויען אַ נעסט.

אויך יענע פייגלאַך, וועלכע בויען זייערע נעסטן אין אויס-

געפוילטע בוימער און אין ענלאַכע פאַרבאָרגענע ערטער, פלעכטן זיך אייגענטלאַך ניט קיין אמת'ע נעסטן.

די פיק-האָלצן, די דריי-העלזלאַך, אייניגע סאָוועס לעגן זייערע אייער גלייך אין די אויסגעפוילטע בוימער, און זאָרגן זיך אַפילו נישט אויסצובעטן זיי מיט עפּעס.

נאָר דער דאָזיגער מיטל אויסצופירן עופע'לאַך איז דאָך בעסער, ווי לעגן אייער גלייך אויף דער ערד.

אָבער פון דעם פלאַכן גריבל פונם ציגן-מעלקער ביז דער פאַרבאָרגענער באַהעלטעניש אין אַ אויסגעפוילטן בוים איז נאָר איין טריט. דער דאָזיגער איבערגאַנג איז געוויס געשעהען אויף אַזאַ אופן: צוערשט האט זיך דער פויגל אָנגע-הויבן באַנוצן מיט אַזוינע פאַרטיפונגען אין דעם ערד-באָדן, וואו די אייער האבן זיך אם-בעסטן אויסגעלעגט, און וואו זייער קערפּער האט זיך געקאָנט איינגאַנצן אויסשפרייטן און באַזעצן זיך אויף די אייער. דערנאָך האבן די פייגלאַך געגומען אויסזוכן גריבלאַך אין די געדיכטע צוויי־געפלאָכטענע וואָרצלען, נאַכהער פאַרטיפונגען אין די צעפוילטע שטאַמען און אַזוי ווייטער. ביס-לאַכווייז האבן זיי זיך אָנגעהויבן באַנוצן מיט די לעכער פון די אויסגעפוילטע בוימער.

פאַרשטעהט זיך, אויב מיר וועלן נעמען אין אַכט, אַז דער פיק-האָלץ און אַפילו אייניגע פון די בלאה-פייגלאַך, ווי, למשל, די הויבן-בלאה-פייגל, דלובען זיך אויס אַליין לעכער אין די בוימער, וועלן מיר מוזן אָנערקענען, אַז די דאָזיגע פייגלאַך האבן בנוגע צום באַזאָרגן אַ פאַסיג אָרט פאַר זייערע אייער געמאַכט אַ גרויסן טריט פאָראויס. דער פיקהאָלץ האט געקאָנט פאַלן לייכט אויף אַזאַ המצאה, אַ דאַנק דעם, וואס דאס פּיקן האָלץ איז ביי אים אַ מיטל צו באַקומען חיונה.

ער פיקעט דאָך און שפּאַלט די האָלץ מיט זיין שנאָבל, כדי אַרויסצובאַקומען פון דאָרט אינזעקטן. און אויף אַזאַ אופן האט ער געקאָנט פריהער קומען צו דעם גליקלאַכן געדאַנק, פאַרברייטערן די פאַרטיגע לאָך, וועלכע איז געווען צו

שמאָל פאר אים, און סוף-כל-סוף אויך צום געדאנק אויסדלובען זיך זעלבסטשטענדיג מיט אייגענער מיה א באקוועם און גוט באשיצט אָרט, וואו מען זאָל קאָנען איינאָרדנען א נעסט.

נאָר צווישן די, וואס בויען נעסטן אין די לעכער פון די בוימער, גיבן אויך אזוינע, וועלכע קלייבן זיך אויס א לאָך אין א שטאם פון א בוים, אָדער אין א גראָבן סוק, און פלעכטן דאָרט אויס אַן אמת'ע נעסט פון שטרייעלאַך, וואָרצעלאך, שטענגלאך, האָר, פעדערלאך און נאָך אזעלכע מאטעריאלן. אזוי טוט, דער גרעסטער טייל פון אונזערע בלאָה-פייגלאך, די שטאָרן, די פייער-עקלאך און נאָך אנדערע.



די סאָווע.

ווי עס ווייזט אויס, האבן די פייגלאך א פריהער געפלאָכטן זיי-ערע נעסטן אין אנט-בלויזטע ערטער, נאָר, נאָכדעם ווי זיי האבן זיך איבערגעצייגט, אז אין אזוינע ערטער זיי-נען זיי ניט באשיצט פון פיינט, האבן זיי זיך צוגעוואוינט אויסזוכן זיכערערע, גוט באַ-שיצטע ערטער. נאָר אויך איצט, לויט דער געוואוינהייט, וועלכע איז זיי געקומען בירושה פון זייערע עלטערן, פלעכטן זיי ווייטער זייערע נעסטן אין די ערטער אזוי, ווי עס פלעכטן יענע פייגלאך, וועלכע אָרדנען איין זייערע נעסטן אין אנטבלויזטע ערטער.

יעדנפאלס באצ'יהען זיך אָט די פייגלאך צו זייער ארבעט ניט ווי געהעריג איז: אָן קיין שום סדר ווארפן זיי אָן אין בוים-לאָך דעם מאטעריאל, פון וועלכן ס'בויט זיך די נעסט, און מיט א געוויסער אויפמערקזאמקייט בעטן זיי אויס די נעסט מיט האָר

און פעדער נאָר אינעווייניג, כדי די אייער אין נעסט זאָלן ניט אָפּגעקילט ווערן.

אינטערעסאנט איז צו פארגלייכן, למשל, די נעסט פון דעם קריכער, וועלכער בויט זיין נעסט אין די בוים-לעכער, מיט דעם קונציג אויסגעפלאָכטענעם נעסט פון דער אפּאלאנערן, אָדער פון דעם לאַנגעקיגן בלאָה-פייגל, וועלכע פלעכטן זייערע נעסטן אנט-בלויזט. אין דער נעסט פון דעם קריכער זיינען פאר די אייער אויסגעבעט שיטער אָנגעוואָרפענע איינע אויף די אנדערע טרו-קענע בלעטער אָדער דינינקע שטיקעלאך קאָרע. די נעסט פון דער אפּאלאנערן איז א קונציגע געביידע, וועלכע איז אָנגעצעפּעט אויף א צעצווייגטן סוק. די נעסט האט א קיילעכיגע פאָרם, בײַ דער זייט א לאך אַרויף, וועלכע איז פונקט אזוי די גרויס, ווי דאס קליין קערפּערל פון דעם עלעגאנטן פייגעלע. דאס אויסנ-ווייניגסט וועגטל פון דער נעסט איז קונציג צונויפגעפלאָכטן פון מאָך, לישאַיעס-געוויקסן, האָר און שטיקעלאך אולמע-האָלץ דאָס אלץ איז טיכטיג צונויפגעפלאכטן און באדעקט פון אויסענ-ווייניג מיט שפּינוועבס און אינעווייניג מיט א ווייכן געלעגערל; פון וואָל און פעדערן.

אַ חוץ די אמת'ע בוימלאָך-נעסטיגע זיינען דאָ האַלב-בוימלאָך-נעסטיגע, דאָס הייסט אַזוינע פייגלאַך, וואָס וואוינען אין האַלב-פאַרבאָרגענע ערטער. אַזוי בויען זייערע נעסטן דער ווייסער ווערגער, דער שוואַרץ-חנ'עוודיגער פייערעקל, די גראָהע פליגן-פאַנגערן און אַנדערע.

דער שוואַרץ-חנ'עוודיגער פייערעקל פלעכט אויס זיין נעסט אין דער פאָרם פון אַ שאָל מיט גאַנץ גראָבע ווענטלאַך. ער בויט עס אין די באַלקעס, אין די פאַרטיפונגען פון פאַרשיידענע בנינים, אין די שפּאַלטן פון די פעלזן אָדער אין די שטיינגריבער. די ווערגער קלייבן אויס פאַר זייערע נעסטן די סלופּעס פון די בריקן, די האָלץ-שייטלאַך, די פאַרטיפונגען פון די ברעגעס, די אַנט-בלויזטע בוימלעכער, די שפּיצן פון די הושענה-בוימער און אַזוי ווייטער; אין אַזוינע ערטער פלעכטן זיי אויס אַ פעסטע נעסט פון גראָזן, שטרייעלאך, וואָרצלאַך און טרוקענע בלעטער.

די נעסט פון דעם גראָהען פליגנפאַנגער איז אַ סך קונציגער און טיכטיגער צונויפגעפלאָכטן, ווי די נעסט פון זיין קרוב, דעם בונטן פליגן-פאַנגער. דער גראָהער פליגנפאַנגער פלעכט גערן זיינע נעסטן אין די ווינקלאַך צווישן די באַלקעס פון די הייזער, אין די ניט טיפע, אַנטבלויזטע בוימלעכער, אין די פאַרוואָרפענע שוואַלבן-נעסטן, אין די האַלב-חרוב'ע שטאָר-קעסטלאַך. עס טרעפט, אַז ער בויט זיין נעסט כמעט אַנטפּלעקע, אַזוי ווי דער ווערגער.

עס פאַרשטעהט זיך, אַז צווישן אָט די פייגלאַך און די אמת'ע בוימלאָך-נעסטיגע זייגען דאָ איבערגאַנגען. די דוילע, דער פוסטער פאַלק, פאַרשיידענע מינים סאָוועס און קויצלאַך זיינען אַמאָל בוימלאָך-נעססיגע, און אַמאָל פלעכטן זיי זייערע נעסטן אין . האַלבפאַרבאָרגענע ערטער. דאָס שפּערעלע בויט זיין נעסט אמאָל אין אַ שטאָר-קעסטל, אַמאָל אין אַ האַלבפאַרבאָרגע-נעם אָרט אויף באַלקעס אונטערן דאַך, אַמאָל גאָר אָפן אין קוסטעס.



דער ויערגזר

אַלזאָ, ווי מיר שטעלן זיך פאָר, האָבן די פייגלאַך פריהער געבויט זייערע נעסטן גלייך אויף דער ערד, אָדער אין פלאַכע פאַרטיפונגען פון דעם ערד-באָדן, און דערנאָך האָבן זיי אָנגע-הויבן אָפּזוכן מער אָדער ווייניגער פאַרדעקטע פון אַלע זייטן וואוינונגען. פון דעם, אייגנטלאַך, איז נאָך דער נעסט ניט געוואָרן פאָלקאָמענער. נאָר יענע פייגלאַך, וועלכע האָבן ביז אַהער גע-לעגט זייערע אייער גלייך אויף דער ערד, האָבן מיט דער צייט געמוזט אַלץ מער און מער אָנהויבן זאָרגן וועגן אַ פאַסיגערן גע-לעגער פאַר די אייער, כדי בעסער צו באַשיצן זייערע עופ'עלאַך פון קעלט, נאַסקייט און פון פיינט.

און במלת, געפינען מיר ביי די פייגלאַך, וואס זיצן אויס

עופ'עלאַך אויף דער ערד, פאַרשיידענע איבערגאַנגען. פון אַ אַ נעסט-גריבל, וועלכע איז אין איילעניש אויסגעגראָבן אין דער ערד, ביז קונציג געפלאָכטענע נעסטן, ווי, למשל, ביי דעם ראָר-זינגער, ביי דעם גאָרטן פויגל און ביי נאָך אַנדערע. אָט די קונסט האָט זיך געוויס אָנגעהויבן אַנטוויקלען דאַן, ווען דער פייגל האָט די אייער, כּדי צו באַשיצן זיי, געלעגט ניט אויף דער הוילער ערד, נאָר אין נידעריגע געדיכטע געוויקסן. פונם לאַנגען זיצן אויף די אייער איז פון זיך אַליין אַנטשטאַנען אין די גע-דיכטע געוויקסן אַ פאַרטיפערונג מיט העכערע ראַנדן. אָט דאָס איז געווען די ערשטע איינפאַכע נעסט פון יענעם פייגל, וואס האָט זיך גענעסטלט אויף דער ערד. אויב דאָס געוויקס איז געווען ניט גענוג געדיכט, האָט דער פייגל געשאַרט אַרום זיך. רוהיג זיצנדיג אויף די אייער, פלעגט ער פארכאפן יענע שטענגלאך פון די געוויקסן, וועלכע ער האָט געקאָנט דערלאנגען מיטן שנאָבל. נאָך איצט קאָנען מיר עס אויך באמערקן ביי יעטווידן פייגל, וואס פירט אויס עופ'עלאך אויף דער ערד, למשל ביי אונזערע שטוב-הינער, וועלכע, טוען די זעלבע זאך, זיצנדיג אויף די אייער. פונקט אַזוי באגעהט זיך אויך דער שטאָרך: פלעכטנדיג זיין נעסט אויף די דעכער פון די הייזער, קלייבט ער איבער שטענדיג די דינע ריטלאך, וועלכע ליגן ביט, ווייט פון די ראנדן פון זיין נעסט, און לעגט זיי פאנאנדער אזוי, ווי ער געפינט פא־ נויטיג.

אזוינע איינפאכע נעסטן זיינען ביי דעם גרעסטן טייל מעוון און זאמד-פייגלאך, ביי די שנעפן, ביי די פעלד-הינער, בירק-הינער און נאָך ביי אנדערע.

דאָרט, וואו עס איז ניטאָ קיין נאטירלאכע פארטיפערונג אין דעם באָדן, גראָבן די פייגלאך אליין אויס ניט קיין טיפן גריבל; בעטן זיי אויס מער אָדער ווייניגער גוט מיט שטענגלאך, בלעטלאך, שטרויעלאך און נאָך אזוינע מאטעריאלן; אָדער זיי טוען אזוי: זיי הויבן זיך אָן דרעהען אין די געדיכט צעוואק-סענע געוויקסן און טרעטן אויף אזא אופן אויס א געהעריג אָרט

פאר די אייער; אָפטמאָל בעטן זיי נאָך דאָס אָרט אויס מיט בלעטער און מיט שטאנגען פון געוויקסן.

עטיואָס בעסער בויען זייערע נעסטן גענז, ענטלאך און שוואנען. זייער נעסט בעטן זיי אויס מיט שיטער אָנגעוואָרפענעם מאטעריאל, מיט פעדערן. די פעדערן נעמען זיי ביי זיך זעלבסט, וואָרום אין דער צייט פון אויספירן די עופ'עלאך פאלן ביי אלע פייגלאך ארויס די אונטערשטע פעדערן. געוועהנלאך, קומט דאָס פאר ביי די נקבות; נאָר ביי יענע מינים פייגלאך, וואו דער זכר און די נקבה זיצן אויף די אייער, בייטנדיג זיך איינע מיט די אנדערע, באווייזן זיך הוילע ערטער אויך אויפן גוף פון דעם זכר. אמאל, טרעפט עס, אלס אן אויסנאם, נאָר ביי דעם זכר, ווי, למשל, ביי דעם מין וואסער-פייגל, וואָס רופט זיך שווימער: ביי די שווימער זיצט אויף די אייער נאָר דער זכר.

די געלערנטע מיינען, אז די הארטע אייער מיט זייער שטענדיגן דריקן רייבן אָן דאָס הויט, דאָס בלוט פלייצט דעריבער צו דעם צערייצטן אָרט מער ווי צו אנדערע ערטער; ס'קומט פאָר דאָס, וואָס מע רופט אָן הויט-אָנצינדונג. און געוויס דעריבער פאלן אין דעם אָרט ארויס די פעדערן. און אפשר איז עס דער-פאר, ווייל איבער דער הויט-אָנצינדונג הויבט דער פויגל אָן צו פילן אַ בייסעניש אין יענעם אָרט, און ער רייסט אליין ארויס די פעדערן. פאר דאָס אויספירן פון די עופ'עלאך איז עס זעהר בא-קוועם, ווייל די פעדערן דינען אלס אויסגעצייכנטער מאטעריאל פארן נעסט-געלעגער. אויסער דעם, א דאנק די הוילע אנגעשוואָ-לענע ערטער, אנטוויקלט זיך גיכער דאָס געבורט-קעמערל אין דעם איי.

אַפילו ביי אונזער ווילדער ענטל איז די נעסט אויסגעבעט מיט אַ ווייכער קאלדרע פון צאַרטן פוך. נאר נאך ווייכער און קאסט-באַרער איז דער פוך, וועלכן עס קלייבט אן אין איר נעסט די איי-טער-ענטל און אירע נאהענטע קרובים, וואס וואוינען אין די צפון-לענדער פון דעם גאַנצן ערד-קוגל.

די נעסט פון דעם אייטער-ענטל איז געבויט פון דינע ריט-

לאַך, פון ים-גראז און פון געוואוינלאַכן גראז, און בשעת זי זיצט אויף די אייער, זעהט זי אויס ווי אַרומגערינגלט מיט אַ קראַנץ.

ס'איז דא נאך אַ מאַטעריאַל פאַר בויען נעסטן, אַ מאַטעריאַל, וואס געפינט זיך שטענדיג נעבן דעם פויגל, דאס איז זיין איי-גענער קאל. אייניגע מעוועס באַפעסטיגן זייערע נעסטן, וועלכע זיינען געפלאכטן פון ים-גראז, מיט זייער אייגענעם קאל. אויב דער דאזיגער פייגל וואלט אין פאַל, ווען אים וועט ניט קלעקן קיין קאל, אדער דער קאל וועט אים אויסווייזן ניט פאַסיג, מוסיף זיין דערביי אַנדערע באַפעסטיגנדיגע מאַטעריאַלן, ווי נאַסע ערד, ליים און אַזוי ווייטער, וואלט פאַרבליבן נאר איין טריט צו יענער קונציגער פלאַס-טישער אַרבעט, וועלכע מיר באַ-מערקן באַ אונזע-רע שוואַלבן. נאר איידער כ'וועל רעדן וועגן שוואַלבן, וועל איך נאך אנווייזן אויף די נעסטן פון די דרעסלער און די קריכער.



די סאָראָקע.

די נעסט פונם זינג-דרעסלער איז זעהר קונציג צונויפגעפלאכטן פון מאך, שטרויעלאַך, קליינע ריטלאַך און בויגעוודיגע ווארצעלאַך. אינעווייניג איז די נעסט זעהר גוט אַרומגעשמירט מיט אַ באַזונדערע קיטונג, וועלכע דער דרעסלער קנעט צונויף פון שטיקלאַך צעפוילטע האלץ, און פון האזן-קאל, אפשר נאך אַלס אַ צוגאב דערצו — אַ ביסל ליים. די אַלע מאַטעריאַלן קלעפט דער דרעסלער צונויף מיט זיין קלעפיגען שפייעכץ. צוערשט איז די קיטונג וויך, דערנאך ווערט זי פאַרהאַרטעוועט און דאַן זעהט מען, אַז דער נעסט איז אינעווייניג באַדעקט מיט עפעס אַ ריינעם, גלאַטן און האַרטן שיכט.

די זעלבע זאַך טוען אַנדערע דרעסלער, למשל, דער שוואַרצער דרעסלער און דער אַברעש-דרעסלער; מיט ליים און מיט נאַסע ערד באַפעסטיגן זיי דעם מאַטעריאַל, פון וועלכן זיי פלעכטן זייער נעסט. און מחמת דעם ווערן זייערע נעסטן גאַנץ אפט זעהר שווער.

אַ באַזונדער שטאַרקע קיטונג קאָן מאַכן דער קריכער. דער קריכער איז אַן אמת'ער לאַך-נעסטיגער פויגל: זיין איינפאַכע נעסט פלעכט ער פון בלעטער, גראָז און ווארצלען אין די לעכער פון בוימער, זעלטענער אין די פאַרטיפערונגען פון די ווענט, און אַמאָל אויך אין די שטאר-קעסטלאַך. אינעווייניג בעט ער אויס מיט האָר און מיט פעדערלאַך. דאַן שמירט דער געשיקטער פייגל אַרום די פליה-לאַך מיט שטיקלאַך ליים, באַנעצט עס מיט שפּייעכץ, איבערלאָזנדיג אַן עפענונג פון אַזאַ מין גרויס, אַז נאָר ער אַליין זאָל קאָנען דורכקריכן אין נעסט.

נאָר פאַר די קונציגסטע מויערער מוזן מיר אנערקענען אונזערע שוועלבעלאַך: די דאָרף-שוואַלב און די שטאָט-שוואַלב.

זעהר גערן בויט די דאָרף-שוואַלב איר נעסט אין די שטאַלן, אין פאָרהויז, אדער אויפן בוידעם אין די פויערשע הייזער. איר נעסט האט די פאָרם פון אַ פערטל קויק און איז אָפן פון אויבן; דאָס שוועלבעלע באַפעסטיגט זי שטענדיג אונטער אַ שויך-דאַך, אונטער אַ באַלקן, אונטער אַן אַרויסגעשטאַרצטן שטיין און אַזוי ווייטער.

די שטאָט-שוואַלב קלעפּט צו איר נעסט צו די דרויסנדיגע ווענט פון די שטיינערנע בנינים, געוואָוינלאַך, אונטער אַ דאַך. איר נעסט איז האַלבקיילעכיג, פון אויבן פאַרדעקט און האט אַ זייטיגע עפענונג. די שטאָט-שוואַלב איז אַ בויערן אַ קונציגערע פון איר נאָהענטן פריינטל, די דאָרף-שוואַלב, און איר נעסט פוצט זי אַ סך פלייסיגער אויס.

ביידע מינים שוועלבעלאַך בויען זייערע נעסטן פון ליים אדער פון קויט, וועלכע זיי לעגן אַן שטיקלעכווייז, גוט באַנעצנדיג זיי מיט שפּייעכץ; מיט אַנדערע מאַטעריאַלן, ווי, למשל, קליינינקע שטרויעלאַך, הערעלאַך באַנוצן זיך די שוועלבעלאַך ווייניג.

דעם גאַנצן מאַטעריאַל באַפעסטיגט איבערהויפּט די שפּייעכץ. אין דער צייט פון בויען, זיינען ביי זיי די שפּיי-דריזלען שטאַרק אנגעשוואָלן און עס גיסט פון זיי זעהר פיל פלייסיגקייט.

ס'איז זעהר אינטערעסאַנט צו באַטראַכטן די דאזיגע פלייסיגע אַרבעטערנס, בשעת זיי זיינען פאַרנומען מיט זייער שווערער אַרבעט. די אַרבעט דויערט אַ וואכן צוויי און אַמאל מער. געוואוינלאַך בויען נעסטן אויף איין באַלקע אדער אויף איין קאַרניז איינצייטיג אַ סך פארלאַך מיט אַמאל, און דעריבער איז דארט אין דער צייט זעהר לעבהאַפטיג.

פריהער פון אַלץ לעגן אן די שוואַלבן אויף די ווענט שטי־קעלאַך ליים איינע נעבן די אַנדערע האַלבקיילאַכיג, די שטיקעלאַך ליים שטעהען גוט צו צום אומגלייכן וואַנט. נאכדעם לאזן זיי איבער די אַרבעט אויף דעם קומענדיגן פריה־מארגן. אַז דער ליים ווערט אינגאַנצן פאַרטריקנט, לעגן זיי אויף איר אן א צווייטע שיכט פון שטיקעלאַך ליים, אַזוי אַז עס שטאַרצט אַרויס העכער פון דער ערשטער שיכט. אויף מארגן אין דער פריה טוען זיי ווייטער די זעלבע זאַך.

וואס ווייטער, געהט די אַרבעט אַלץ גרינגער, ווייל גיך ווערט דער אויסגעקלעפטער גרונט פון דער נעסט אויף אַ פינגער בולט פון וואַנט און דאַן דאַרפן די שוואַלבן ניט טשעפן זיך מיט די פיסלאַך אן דער וואַנט; זיי קאָנען זיך איצט פעסט אַוועקזעצן אויפן געשאַ־פענעם ראַנד פון דעם נעסט.

טאג־איין, טאג־אויס לעגן די שוואַלבן אן איין שיכט ליים אויף דער אַנדערער, ביז די קיילאַכיגע נעסט ווערט אינגאַנצן פאַר-ענדיגט און פאַרדעקט פון אַלע זייטן. נאר פון פארנט לאזן די שוואַלבן איבער אַ שמאלינקע פליה־לאך; אפטמאל לאזן זיי אויך אי־בער אין דעם ארט אַ לאַנגן שפאַלט. דערנאך בעטן די שוואַלבן גיך אויס די נעסט מיט ווייכע האר און פעדערן, און דאס וויגעלע פאַר זייערע קינדער איז פאַרטיג.

די נעסט פון דעם זינג־דרעסל, וועגן וועלכן מיר האבן פריהער גערעדט, איז חוץ דעם, וואס זי איז אינעווייניג אויסגעשמירט מיט אַ באַזונדער קיטונג, שיידט זי זיך אונטער אויך מיט דעם, וואס זי איז געבויט ניט אויף דער ערד, נאר צווישן קוסטעס אדער אויף אַ בוים, אפטער פון אַלץ אויף דער הויך פון 2—3 מעטר איבער דער ערד.

פייגלאַך פליהען. דעם גרעסטן ט״יל פון זייער לעבן פאַר־ברייננגען זיי ניט אויף דער ערד, נאר אין דער לופטן, אויף די שפּיצן פון די בוימער, אדער צווישן ניט הויכע קוסטעס; ניטא אַזאַ ארט אויף דער ערד, מעג עס זיין דער שפּיץ פון דעם העכסטן באַרג אדער דער משופּע׳דיג אויפגעהויבענער פעלז, וואס זאל זיין ניט צוגענגלאַך פאַר דעם פייגל. איז דען א וואונדער, אַז די פייג־לאַך האבן זיך אויסגעלערנט בויען זייערע נעסטן דארט, וואו זיי פילן זיך, ווי ביי זיך אין דערהיים, הויך איבער דער ערד?

ווי מיר האבן שוין גערעדט, האבן די פייגלאַך געוויס געבויט אַמאל זייערע נעסטן בלויז אויף דער ערד, נאר נאכדעם האבן זיך אייניגע פייגלאַך אויסגעלערנט פלעכטן נעסטן אויף די שפּיצן פון די הויכע בוימער: צרות לערנען אויס שכל ניט נאר אַ מענשן, נאר אויך אַ בעל־חי.

פון דעם קאנען מיר נאך ניט מאַכן קיין אויספיר, אַז יענע פייגלאַך, וואס בויען זייערע נעסטן הויך איבער דער ערד מאַכן זיי קונציגער, ווי די פייגלאַך, וואס נעסטלען זיך גלייך אויף דער ערד. ווי דארט, אַזוי אויך דא, באַגעגענען מיר אי נאַכלעסיג געבויטע, אי זעהר קונציג געפלאכטענע נעסטן. צווישן די און יענע באַמערקט זיך אַ גאַנצע רייהע איבערגאַנגען.

זעהר קונציג איז געפלאכטן גלייך אויף דער ערד די נעסט פון אַ געוואוינלאַך שוים־פייגעלע. זיין נעסט איז זעהר טיכטיג אויס־געפלאכטן פון מאך, פון וואַלד־קרויט בלעטער, פון גראזן, פון סאסנע־נאדלען און נאך אַזעלכע מאַטעריאַלן. אויסערדעם איז די נעסט פון אויבן באַדעקט מיט אַ געוועלב; אַזוי, אַז אפן בלייבט נאר די איינציגע פליה־לאך מיט פאלקאם גלאַטע ראַנדן. ענדלאַך, איז די נעסט אַזוי קונציג באַהאַלטן צווישן די אונטערשטע צווייגן פונם קוסט, און אייניגע עטלאַכע דינינקע צווייגן פונם קוסט זיינען אַזוי קונציג איינגעפלאכטן אין דער ווענטל פון דער נעסט, אַז דער קליי־נינקער בנין גיסט זיך צונויף מיט דער גאַנצער אַרומיגער סביבה און אַנטדעקן זי קאן מען נאר צופעליג.

די נעסט פון דעם מאנצינקן קראפּיווע־פייגל געפינט זיך אייך מ׳ערסטנטייל אויף דער ערד צווישן די ווארצלען פון בוימער,

אין אַ וועלכער ניט איז פלאַכע פאַרטיפערונג פון 'א טייך-ברעג, אונטערן געוועלב פון אַ בריק, און אַזוי ווייטער. די נעסט האט די פארם פון אַ קויק מיט אַ זייטיגער פליה-לאָך. דאס דרויסנדיגע ווענטל איז אפט געמאַכט פון בלעטער, און די אינעווייניגסטע זייט פון דעם ווענטל איז געפלאכטן פון שטרויעלאַך, דערביי זיינען אַלע לעכער גוט פאַר-שטאפּט מיט צאַרטן מאך. פון פיל קליינע פעדערלאַך איז אויסגעבעט אַ געלעגערל פאַר די אייער. אפט שטעלט פאר די נעסט פון דעם קראפּיווע-פויגל אַזאַ עלעגאַנטן בנין, אַז עפּעס שענערס איז זיך שווער פארצושטעלן.

איך דערמאן מיך אַ נעסט פון אַ קראפּיווע-פייגל, וועלכע כ'האב געפונען אויף אַ ליימיגן אפּהאַנג ביים וועג, וועלכער האט זיך גע-צויגן דורכן וואַלד. די נעסט איז געווען געמאַכט פון דינע סאָס-נאווע ריטלאַך, וועלכע זיינען געווען רעגלמעסיג צונויפגעבויגן און צונויפגעפלאכטן איינע מיט די אַנדערע. צווישן די ריטלאַך זיינען געווען אַריינגעשטעקט יונגע בלעטלאַך פון וואַלד-קרויט, די זיי-טיגע טיילן פון יעדן בלאַט זיינען געווען אנגעפלאכטן אויף די צוויי דערבייאיגע ריטלאַך. אויף אַזאַ אופן האט דאס ווענטל פונם נעסט געהאַט אַ פעסטן גרונט און אין דער זעלבער צייט איז די געלבלאַך-ברוינע באַפאַרבונג פון די טרוקענע וואַלד-קרויט-בלעטער געווען אַזוי ענלאַך צום קאליר פון דעם ליימיגן באדן, אַז ס'איז געווען זעהר שווער צו באַמערקן.

דאס אויסזעהן פון דער נעסט איז אפט וואונדערבאַר צוגע-פּאַסט צו דער אַרומיגער סביבה. פאַרשטעהט זיך, אַז ס'רוב קאַן מען עס דערקלערן מיט דעם, וואס דער פייגל נעמט, אַלס מאַטעריאַל פאר זיין נעסט בלעטער, מאך, גראז, לישאַיעס און אַזוי ווייטער פון דעם אַרומיגן געגנט. ער באַנוצט זיך מיט דאס, וואס ס'קומט אים צום האַנט, אויב נאר עס אַנטשפּרעכט זיינע ציילן.

אט איז, למשל, די נעסט פון דעם פ י נ ק, וואס איז אויס-געפלאכטן אין פאַרק אויפן שטאם פון בעזשע, לערך אויף אַ קלאַפ-טער די הויך איבער דער ערד. די נעסט זעהט אויס נאך איר פארם, ווי אַ המשך פון דעם שטאַם, אויסערדעם, איז זי זעהר גוט באַדעקט פון דרויסן מיט העלן און טונקעלן שטיינגל-מאך, מיט וועלכן ס'איז

אייך באַדעקט דער שטאַם פון דער בעזשע. חוץ דעם, וואס די נעסט פון דעם פינק-פייגל איז באַדעקט פון דרויסן מיט געוועהנלאַכן צווייגן-מאָך און מיט לישאַיעס-געוויקסן, לעגן זי נאך די פייגלאַך אַרום מיט קליינינקע פלאַכע שטיקלאַך קאָרע, וואַלגערן זיך אויף דער ערד נעבן קוסט, און עס קומט אויס אַזוי, אַז די נעסט קאָן מען באַמערקן, נאר דאַן, ווען מ׳זאל אויף איר קוקן פון אויבן. פון אויבן אבער איז זי דאך צוגעדעקט מיט די בלעטער פון די זייטיגע צווייגן, וואס וואַקסן אין דער הויך.

מען קאָן ניט לייקענען, אַז ביים אויסקלייבן בוי-מאַטעריאַל פאַרן נעסט, האבן די פייגלאַך באמת אין זינען אַזוינע צילן. כ׳האב איין מאל געפונען אַ נעסט פון אַ פינק-פויגל אין אַ ווייסן שטאַם פון אַ בעריאָזע. די פייגלאַך האבן קונציג איינגעפלאכטן אין דעם דרויסנדיגן ווענטל פונם נעסט שטיקעלאַך ווייסן פּאַפּיר. זאלן מיר זאגן, אַז דאס איז נאר אַ צופאַל?



די קוקאַיוקע וואַרפט אונטער אַן איי איז דער נעסט פון אַ קראָפּיווע-פויגל, וועלכער איז פאַרבאָרגן צווישן די וואָרצלען פון דעם ביים.

אין אַן אַנדער צופאַל איז דער נעסט פון אַ קראַפּיווע-פויגל געווען צוגעצעפּעט צו אַ שטיינערנעם זייל פון אַ בריק, וועלכער איז געווען באַוואַקסן מיט גריינעם מאך. דער נעסט האט זיך געפונען אינגאַנצן אויף ³ אַרשין די הויך איבערן וואַסער. געפלאכטן איז ער געווען פון פּישע טענען-צווייגן און גרינעם מאך. ניט ווייט פון דעם אָרט אונטער אַ געוועלב פון אַן אַנדער בריק האט זיך אויסגעפלאכטן אַ נעסט אַן אַנדער פּאָרל קראַפּיווע-פייגלאַך. דער

בריק איז געווען אויסגעבויט ניט לאַנג און אויף זיינע גראהע גראַ־ניט־זיילן האט נאך ניט געקאנט אנוואַקסן קיין גרינער מאך. און אויך דא זיינען די פייגלאַך געפאַלן אויף דער המצאה באַדעקן זייער נעסט מיט גראהען מאך, מיט גראהע וואַסערגעוויקסן, כדי צו מאַכן די נעסט ענלאַך צום גראהען זיילן־גראַניט.

אַזוינע ביישפילן וואלט מען געקאנט ברענגען אַ סך. דאס באווייזט, אַז די פייגלאַך רעכענען זיך, בשעת זיי באַפוצן זייער נעסט פון דרויסן, מיט דעם אויסזעהן פון דער אַרומיגער געגנט, סטאַרען זיך, דער נעסט זאל זיך וואס ווייניגער אונטערשיידן פון דער סביבה. טוט ער דאס באַוואוסטזיניג, אדער אפשר מאַכט אויף אים אַ נעסט מיט אַן אַנדער באַפאַרבונג אַ שלעכטן איינדרוק און ניט באַוואוסטזיניג, נאר אינסטינקטיוו, סטאַרעט ער זיך צופאַסן זיין נעסט צו דער פארם און באַפאַרבונג פון דער אַרומיגער סביבה?

אויף דער פראַגע קאנען מיר דא קיין ענטפער ניט געבן.

פון די פייגלאַך, וואס בויען זייער נעסט אפן, ווייזן אַרויס ווייניג קענטעניס אין דער בוי־קונסט אייניגע מינים טויבן. דער נעסט פון איינעם פון זיי באַשטעהט פון טרוקענע ריטלאַך אדער צווייגן, וועלכע זיינען אנגעווארפן שיטער און איבערגע׳צלמ׳ט איינע אויף די אַנדערע. דער פלאַכער ראַנד פון דער נעסט איז אַבי ווי איינגעפלאכטן אין יענע טיילן, וועלכע האַלטן אים אונטער. אויפן דעק און אין די ווענטלאַך פונם נעסט פאַרבלייבן אַזוינע גרויסע לעכער, אַז די ווייסע גלאַנציגע אייער לייכטן זיך דורך זיי דורך.

עטוואס בעסער בויט דער גרעסטער טייל פון יענע רויב־פייגלאַך, וועלכע בויען זייערע נעסטן אויף די צווייגן פון די הויכע וואַלד־בוימער, ווי, למשל, דער בוסאַר־פאלק, יאַסטר און אַנדערע. אַזוינע נעסטן ווערן אַמאל זעהר גרויס, ווייל די פייגלאַך באַנוצן זיך מיט זיי עטלאַכע יאר נאכאַנאַנד, און דערביי גיבן זיי יעדער יאר צו צו די אַלטע נייע ריטלאַך.

נאר מען דאַרף ניט מיינען, אַז איין און די זעלבע פאר רויב־פייגלאַך פירן אויס עופ׳עלאַך שטענדיג אין דעם זעלבן נעסט. ניט זעלטן טרעפט, אַז אַן אַנדער פאר, גאַנץ אפט פון אַן אַנדער מין פייגל, פאַרכאַפט א פרעמדן נעסט און באַהערשט אים. אַזוי, למשל,

קאן אין אַ נעסט פון אַ בוסאר־פאלק אויפן צווייטן יאר זיך באזעצן אַ קליין־אדלער. נאך אים אַ יאסטער, און אויף דעם דריטן יאר ווידער אַמאל אַ בוסאר־פאלק. דער סאפסאן־פאלק קאן זיך באַזעצן אין די נעסט פון יעטווידן רויב־פויגל, אויב די נעסט וועט נאר באַפרידיגן זיינע פאדערונגען. אַמאל באַנוצט ער זיך אַפילו מיט אַ נעסט, וואס אַ קראהע האט געווארפן, אדער ער גזל'ט עס בא אַ איר אַוועק.

די זעלבע זאַך קומט פאר ביי די, וואס וואוינען אין די בוים־לעכער. אַ סך פייגלאַך באַנוצן זיך מיט די לעכער, וואס ס'האט אויס־געפּיקט פאַר זיי דער פּיק־האלץ.

די נעסטן פון די קראהעס זיינען שוין עטוואס בעסער באַ־אַרבעט. דער אונטערשטער טייל פון דער נעסט באַשטעהט פון גראבע ריטלאַך, אויף זיי זיינען אַרויפגעלעגט דינערע ריטלאַך, און סאַמע די פלאַכסטע פאַרטיפונג פון דער נעסט איז אויסגעבעט מיט לישאַיעס־געוויקסן, מיט גראז, קארע, וואל און אַנדערע ענלאַכע מאַטעריאַלן. אויף דעם זעלבן אופן בויט זיין נעסט דער ראב, נאר זיין נעסט איז פיל גרעסער.

אַ ס א ר א ק ע קלייבט אויס פאַר איר נעסט גיכער פון אַלץ דעם שפּיץ פון אַ הויכן בוים, עס טרעפט אבער, אַז זי פאַרגעסט צו זיין פארזיכטיג און פלעכט זיך אויס אַ נעסט אויף אַ שטאם פון אַ הושענה־בוים. איין מאל האב איך געפונען אַ נעסט פון אַ סאראקע אויף אַ קוסט צווישן נידעריגע בוימלאַך.

געוועהנטלאַך, שלעפט אַן די סאראקע אין די פריהמארגע־דיגע שעה'ן צום אויסדערוואוילטן ארט דינינקע ריטעלאַך, שטע־כיגע צווייגן און ווארצלאַך, פלעכט גוט איין דעם מאַטעריאַל צווישן איינאַנדער, און נאכדעם פלעכט זי עס צונויף מיט די צווייגן פון דעם בוים, וועלכן זי האט אַפריהער אויסגעקליבן צוליב איר ציל.

אויף אַזאַ אופן בויט זי דאס דרויסנדיגע ווענטל פון איר נעסט, וועלכער האט די פארם פון אַ טיפן טעלער, די אינעווייניגסטע זייט פון דעם נעסט שמירט אַרום די סאראקע מיט ערד און קיזיק, אבאל שמירט זי איין שטיינדעלאַך, און פון אויבן אויף דער דאזיגער שיכט בעט זי אויס אַ ווייך געלעגערל פון צאַרטע ווארצעלאַך און וואל. חוץ דעם פלעכטן איין די סאראקעס אין ברעג פון דעם נעסט

לאַנגע, פאַנאַנדערגעווארפענע ריטלאַך און שטעכעדיגע צווייגן, וועלכע רוקן זיך אַרויס ווייט איבערן נעסט און בילדן פון אויבן אַ מין דעקל, וואס באַשיצט די נעסט פון אויבן. פריי בלייבט איבער נאר די זייטיגע פליה-לאך, וואס איז אַזוי די גרויס, אַז נאר דער גוף פון דער סאראקע קאן אַהין דורכגעהן. איבעריגנס, האב איך געזעהן אויך אַזוינע סאראקע-נעסטן, ביי וועלכע ס'איז קיין דעקל פון אויבן ניט געווען.

די סאראקעס באַנוצן זיך אויך מיט אַלע נעסטן, דערביי פאַר-ריכטן זיי פריהער אַלע צוקאַליעטשעטע ערטער.

בכלל, צייכענען זיך אויס מיט זייער בוי-קונסט יענע קליינע זינג-פייגעלאַך, וועלכע פלעכטן זייערע נעסטן אפן, אַנטבלויזט. זיי בויען די עלעגאַנטסטע און קונציגסטע נעסטן, ווי מיר האבן עס גע-זעהן, בעת מיר האבן זיך באַקענט מיטן פינק און מיט דער קראפי-ווע-פויגל. אט די פייגלאַך בעטן אויס מיט גרויס מיה די טיפע-ניש פון זייער נעסט מיט עפעס ווייכס, געוויס איבערהויפט צוליב דעם, ווייל זייערע זעהר קליינע אייעלאַך וואלטן גיך אפגעקילט געווארן. אַזוי איז, למשל, געבויט דער קיילאַכיגער נעסט פון דעם מלכ'ל, סאַמע דער קלענסטער פון אונזערע פייגעלאַך. ער איז אַזוי געדיכט געפלאכטן פון לישאַיעס, געוויקסן, מאך, האר, שפינוועבס, אַזוי ווייך און וואַרם איז אויסגעבעט דאס געלעגערל פון צאַרטן מאך און האר, אויף וועלכן ס'ליגן 9 אדער 10 אייעלאַך פון דעם מלכ'ל!

נאר פון דעם כלל זיינען דא אויסנאַמען. אַזוי האט, למשל, די נעסט פון דער גארטן-גראזמוק ניט זעלטן זעהר אַ קלאגעדיגן אויסזעהן. די שטרויעלאַך, ווארצעלאַך, שטענגלאַך און אַנדער מאַ-טעריאַל, פון וועלכן ער איז געבויט, זיינען אַבי ווי צונויפגעפלאכטן צווישן אייננאַנדער. אינעווייניג איז ער אויך אַזוי שיטער אַרומגע-לעגט, אַז דורכן וואַנט פונם נעסט זעהען זיך דורך די 5—6 ווייסע אייער. ביי דעם שוואַרצקעפלדיגן-גראזמוק איז אויך די נעסט נאַכלעסיג געבויט. אין דער זעלבער צייט פלעכט דער פלוידער-גראזמוק זיין נעסט זעהר גוט. און דער נאהנטער צום מין גראזמוק, דער חוזק'ל, בויט זיין נעסט זעלטן קונציג. זיין נעסט געפינט זיך מערסטנטייל 1—1½ קלאַפטער די הויך איבער דער ערד. און איז צוגע-

צעפּעט צו אַ צעצווייגטן סוק פון אַ קוסט אדער צו אַ ניט הויכן בוים. ס'איז גענוג טיף און זעהר גוט צונויפגעפלאכטן פון ווארצעלאַך, גרעזלאַך, שטרויעלאַך, לגנדן-צויט, פון דינינקע פאַסיקלאַך ווייסע אולמע, וואל און שפינוועבס, און אינעווענינ איז עס רייך אויסגעלעגט מיט פעדערן, ווייכן גראז, מיט פערדישע האר און מיט וואל.

זעהר מערקווירדיגע נעסטן בויען די ראר-פייגלאַך. אט ליגט פאַר מיר דער נעסט פון א ראהן-דראסל. ער איז צוגעצעפּעט צו פיר ראר-שטענגלאַך; חוץ דעם זיינען אייניגע בלעטלאַך פון די שטענג-לאַך איינגעפלאכטן אין דעם ווענטל פון דער נעסט, כּדי דאס ווענטל זאל זיין פעסטער. כ'וואלט זעהר געוואלט אַ קוק טאן, ווי אַזוי האט געמייסטרעוועט דאס פייגעלע די דאזיגע נעסט. ווייזט אויס, אַז ער האט אנגעהויבן פון דעם, וואס ער האט אַרומגעפלאכטן אַרום אַ שטענגל אַ צעשפּאלטענעם ראר-בלאַט. דערנאך האט ער עס צוגעצעפּעט ביידע פרייע עקן צו די צוויי דערבייאיגע שטענגלאַך. דאס האט ער איבערגע'חזר'ט עטלאַכע מאל. אויסער דעם האט ער נאך אַרומגעדרעהט די ראר-שטענגלאַך מיט שמאלע גראז-בלעטער און מיט בויגעוודיגע שטענגעלאַך. נאכדעם האט דאס פייגעלע ריכטיג צונויפגעפלאכטן די בלעטער, וועלכע זיינען צעלעגט אין אַ שורה, איינע מיט די אַנדערע, און די לעכער, וואס צווישן זיי, האט ער גוט פאַרשטעקט מיט הע-רעלאַך פון די פרוכט-שאַכטלאַך פון אַ הושענה-בוים, ענדלאַך, האט ער אויסגעלייגט די נעסט פון אינעווייניג מיט צאַרטע ראהן-בע-זימלאַך און מיט אַנדערע גראזן.

און אט איז פאַרטיג דער נעסט פון דעם ראר-פייגעלע. ער זעהט אויס, ווי אַ טיפער, פיין אויסגעאַרבעט גלאז, הענגט אַראפּ פריי, גוט אבער צוגעצעפּעט צום ראר-שטענגל. דער ווינט וויגט אים פאַנאַנדער אינאייגעם מיטן ראר, די נעסט איז אבער אַזוי טיף, אַז די אייער וועלן פון איר ניט אַרויספאלן אפילו דאן, ווען דער שטורם-ווינט וועט אַזוי איינבויגן דעם ראר צום וואַסער, אַז די שפּיצן פון די שטענגלאַך וועלן זיך איינגעצן אין וואַסער. אַמאל מאַכן די ראר-פייגלאַך אומגעוואוינלאַך הויכע נעסטן. דאס טרעפט דעמאלט, ווען דאס וואַסער הויבט זיך ביסלאַכווייז אויף און צווינגט די פייגלאַך בויען און מאַכן די אנגעהויבענע נעסט אַלץ העכער און העכער.

איינע פון די קונציגסטע נעסטן בויט דער פינגסט-פייגל:
ער צעפעט צו זיין נעסט צו אַ צעצווייגונג פון אַ האָריזאָנטאַלן סוק. ס'רוב קלייבט דער פינגסט-פייגל אויס פאַר זיין נעסט בלאַט-ביימער, ניט קוקנדיג אויף דעם, וואס אין אַנדערע ערטער ווערט ער צוגע-וואוינט צו נאָדל-ביימער. איין מאָל נאָר האָב איך געפונען אַ נעסט פון אַ פינגסט-פויגל אויף אַ סאָסנע. וואונדערלאַך איז דאָס, וואס די נעסט האָט זיך געפונען אין אַ פאַרק, וואו ס'זיינען געווען דעמבן, האַרנבוימער און בוכנבוימער, אויף וועלכע די פייגלאַך האָבן גע-קאָנט אויספלעכטן זיך אַ נעסט.



דער נעסט פון אַ ראָר-פייגל.

על פי רוב איז די נעסט פון דעם פינגסט-פייגל צוגעצעפעט צו אַ סוק פון אַ בוים זעהר הויך איבער דער ערד. דאָך האָב איך איין מאָל געפונען אַ נעסט פון אַ פינגסט-פויגל אויף איינעם פון די נידריגע צווייגן פון אַ יונגן האַרנבוים ניט העכער פון אַ קלאַפטער איבער דער ערד.

מאַטעריאַל פאַר די נעסט באַנוצט דער פינגסט-פויגל ניט אַלע מאָל איינעם און דעם זעלבן; דאָס דרויסנדיגע ווענטל פון זיין נעסט, וואס האָט די פאָרם פון אַ בייטל, מאַכט ער זעהר קונציג, געוואוינלאַך, פון גרעזעלאַך, פון לינדן-צויטן, וואָל און ענלאַכע מאַטעריאַלן; חוץ דעם, ווערט צוגעגעבן פאַסיקלאַך פון אולמע, דינע האָלץ-פעניצקלאַך און שטיקלאַך פאַפיר. דעריבער האָבן די נעסטן, לכל הפחות די, וואס איך האָב געזעהן, אַלע מאָל אַ ליכטיגע באַפאַרבונג.

אַט ווי דער פינגסט-פויגל בויט זיין נעסט. פריהער פון אַלץ גרייטן די פייגלאַך צו שנירלאַך פון וואָל, פאַדים, לינדן-צויטן און פון נאָך אַזוינע מאַטעריאַלן, האַלטנדיג די שנירלאַך מיט די פיסלאַך און אויסציהענדיג זיי מיטן שנאָבל אין דער לענג. דער פינגסט-פויגל וויקלט אַרום ביידע עקן פון יעדן שנירל אַרום צוויי פאַנאַנ-דערגעטיילטע צווייגן און קלעפט זיי צו מיט איר קלעפיגן שפייעכץ. אויף אַזאַ אופן באַקומט זיך ניט קיין טיפער קאַרב, וועלכער

איז אנגעהאַנגען אויף דער צעצווייגונג. אַרויפלעגנדיג זיך מיטן קערפּער, מאַכט דער פייגל די נעסט טיפער.

דערנאָך ציהען די פינגסט-פייגל אויפן זעלבן אופן דורך נייע שנירלאַך, דערביי סטאַרן זיי זיך דורכציהען זיי אַזוי, אַז זיי זאָלן אונטן צווישן אַנאַנדער איבער׳צלמ׳ן זיך. נאָך יעדן נייען שיכט סטאַרעט זיך דער פינגסט-פויגל פאַרטיפערן דעם נעסט דורך דעם, וואָס ער לעגט זיך אַרויף און פּרעסט אים איין מיטן קערפּער, ביז עס באַקומט זיך ענדלאַך אַ טיפע בייטל.

איצט בלייבט נאָר באַפּוצן די נעסט פון אינעווייניג. אויף דער אינעווייניגסטער באַפּוצונג פון דער נעסט באַנוצט ער שטרויעלאַך און גרעזעלאַך, מיט וועלכע דער פינגסט-פויגל, לעגט אַרום די ווענט-לאַך פון דעם נעסט, אַריינשטעקנדיג זייערע עקן אין דאָס דרויסנ-דיגע ווענטל. ענדלאַך פאַרשטאָפּט ער אַלע לעכער, וואָס זיינען פאַרבליבן אין נעסט, מיט וואָל, שפּינוועבס, שטיקלאַך קאָרע און נאָך אַזוינע מאַטעריאַלן.

דער הויפּט-אינסטרומענט ביים בויען די נעסט איז דער שנאָבל. באַטראַכטנדיג די אויסערלאַכע פאָרם פון יעדן שנאָבל וועט אונז זיין גרינג צו פאַרשטעהן, ווי געשיקט דער אָדער יענער פויגל בויט זיין נעסט. אַזוי, למשל, וועט דער ציגן-מעלקער מיט זיין קורצן און ברייטן שנאָבל, וועלכער איז כמעט אינגאַנצן באַהאַלטן צווישן פעדערן און צווישן באַרשטיגע האָר, בשום אופן ניט קאָנען פלעכטן זיך אַ נעסט פון צווייגן, צויטן און האָר, ווי עס טוט דער גרעסטער-טייל פייגלאַך.

די זעלבע זאַך וועט זיין מיט דער שוואַלב. זי, מיט איר קורצן און ברייטן שנאָבל, וועט ניט קאָנען צונויפלעכטן קיין מאַטעריאַל פאַר אַ נעסט. פאַרקערט איז אָבער, ווען דער שנאָבל איז אַ דינער און אַ לאַנגער ווי אַן אָל. מיט אַזאַ אינסטרומענט קאָן מען לייכט איבערפלעכטן און אונטעררוקן דעם מאַטעריאַל, פון וועלכן עס פלעכט זיך דער נעסט, אָדער דעמאָלט, ווען דער שנאָבל איז ענלאַך צו דינינקע צווייגעלאַך, מיט וועלכע ס׳איז זעהר באַקוועם אננעמען די דינסטע גרעזעלאַך און הערעלאַך און דורכציהען זיי דורך דאָס לעכל פונם געפלעכט.

איבעריגס, קאָן אַ געשיקטער פויגל מיט זעהר אַ קליינינקן שנאבל שאַפן וואונדערלאַכע געביידעס, אט ווי, למשל, דער לאַנג־עקיגער בלאָה-פויגל.

דער שטאַרקער שנאבל פון דעם פיקהאלץ איז אַן אמת׳ער שטאָב-אייזן, מיט וועלכן דער פויגל קאָן אן מיה פאַנאַנדערשפּאַלטן דאס האלץ, און דער לאַנגער שאַרפער שנאבל פון דעם אייז־פויגל איז ענלאַך צו אַ ברעך־אייזן, וועלכער שאַפט אים גוטע מעגלאַכקייטן, בשעת ער גראבט זיך אַ דורכגאַנג אינם אפהאַנג פון ברעג.

אויסער דעם שנאבל, באַנוצט זיך אויך דער פויגל מיט זיינע פיס. מיטן הילף פון דעם שנאבל און די פיס צערייסט ער אויף צויטן די וואל און די לינדן פון דעם בוים, צעשפּאַלט אויף שטיקלאַך דעם מאָך.



דער פינגסט-פויגל.

ענדלאַך, דינט אַלס אַ מיטל צו בויען די נעסט, דער גאַנצער קערפּער. אויב דער נעסט פון דעם פויגל האט אינעווייניג די פארם פון אַ גוט פאַרקיילאַכיגטער שאל, און, אויב די ווענט זיינען פאל־קאָם גלאַט, איז דאס דערפאַר, ווייל בשעת׳ן בויען זעצט ער זיך אַנידער, לייגט זיך אַרויף מיטן האַרצן און מיטן בייכל; דרעהט דעם

גוף אין אַלע זייטן. ס׳קומט אויס אַזוי, ווי ער וואלט זיך איינגעפּרעסן און איינגעשרויפן אינעם בוי-מאַטעריאַל.

מיר מוזן נאך אנווייזן, אַז אייניגע מינים פייגלאַך האבן אין זיך אַ חוש צו שיינקייט. דאס ווייזט זיך אויך אַרויס ביים בויען די נעסט. ווי ס׳איז באַוואוּסט, האבן סאראקעס, קראהעס און האַלקעס אַ גרויס גוסט צו בלישצענדיגע מעטאַלן און אַנדערע זאַכן. דער מענש קוקט אויף די פייגלאַך ווי אויף אַזוינע, וואס האבן ליב צו לקחנ׳ען, אַזוי, למשל, די סאראקע רופט מען „סאראקע די גנב׳טע“, דאס איז ווייל דער מענש איז בכלל מסוגל איבערטראגן זיינע מענשלאַכע נייגונגען אויף די בעלי-חיים.

ס׳איז אן אַ ספק, אַז אט די פייגלאַך, אויך אַנדערע, פאַר-שאַפן די בלישצעדיגע חפצים פיל פאַרגניגן. כ׳האב ניט איין מאל שוין באַמערקט ווי פאַרשיידענע פייגלאַך באַטראַכטן נייגעריג עפּעס אַ בלישצעדיג שטיינדעלע, אַ שטיקל גלאז אדער אַ קאָלירטע פּאדים, קערן זיך צו דעם שטענדיג אום, פּרובירן אים מיט זייער שנאבל.

דער חוש פון שיינקייט איז באַזונדער שטארק אַנטוויקלט בא דעם שטאר. ניט איין מאל האב איך באַמערקט, ווי ער פלעגט אפּ-רייסן בלומען-בלעטלאַך פון פאַרשיידענע פרילינג-געוויקסן: פון קרייזעלאַך, שטענגל-גראזן, פיילכן, געלע נאַרציסן — און פלעגט, אפּטראגן אין שטאר-קעסטל. אן קיין שום ספק, אַז אין דעם צופאַל האט אויך צוגעצויגן איבערהויפּט די העלע באַפאַרבונג פון די בלו-מען, ווארום, ווי אַ מאַטעריאַל אויף צו בויען נעסטן טויגן די בלומען אַ סך ווייניגער ווי שטרויעלאַך און פעדערן, וועלכע מען קאן כמעט אַלע מאל געפינען אַרום הויז און אויפן הויף.

# נעמען פון פייגלאַך:

| | |
|---|---|
| Ястребъ | יאַסטר |
| Славка | גראָז-מוק |
| Зимородокъ | אייז-פויגל |
| Дергачъ | וואַכטל-קיניג |
| Малиновка | ברוין-געלע מוק גראז |
| Вертишейка | דריי-העלזל |
| Крапивница | קראָפּעווע-פויגל |
| Стрижъ | ברעג-שוואַלב |
| Соколъ-Пустельки | טורם-פאָלק |
| Хохлатая Синица | הויבן-בלאהפויגל |
| Пищуха | פיסקערן |
| Поползень | קריכער |
| Трясогузка | זוערגער |
| Чернушка | שוואַרץ-חנ׳עווקע |
| Сычъ | קויצל |
| Галка | דוילע |
| Овсянка | גארטן-פויגל |
| Улитовъ | שנעק-פויגל |
| Бѣлобровъ | ווייסברעם-פויגל |
| Рябинникъ | ראַבינע-פויגל |
| Гага | אייטער-גאַנז |
| Сорычъ | בוסאר-פאלק |
| Горлица | טורטל-טויב |
| Соколъ-Сапсонъ | סאַפּסאָן-פאָלק |
| Иволга | פינגס-פויגל |
| Цапля | פיש-רייַהער |
| Аистъ | שטארך |
| Куропатка | פעלד-הון |
| Тетеревъ | בירך-האָן |
| Жаворонокъ | לארך |
| Куликъ | וואַסער-פויגל |
| Козодой | ציגן-מעלקער |
| Мухоловка | פליגן-פאַנגער |

